# אריגינעלע רעטעניזשען

א ווערטהפאלעם ביכעלע פיר אלע
קלאסען מענשען

— פון —

## שלמה שמולעוויטץ





ISBN:0-657-12742-6

# אריגינעלע רעטענישען

א ווערטהפאלעם ביכעלע פיר אלע
קלאסען מענשען

— פון —

## שלמה שמולעוויטץ



קאפירייטעד אין וואשינגטאן
מערץ 1918

א מתנה פאר מיין איינציגע טעכטעריל
מיין מיזינקע דאבעלע.



# וויכטיגע כללים

לעזט אויפמערקזאם דיזע ציילען אום גרינדליך צו בעגרייפען די נוצבארקייט פון דיזען ווערק און ווי־סען ווי ארומצוגעהן מיט דעם.

וויכטיג און צאהלרייך זיינען די נוטצען פון בי־כעל רעטענישען פיר אלע קלאסען מענשען ווי אויך פאר קליין און גרויס.

אנשטרענגענדיג אייערע געדאנקען צו טרעפען א רעטעניש בעקומט אייער מארך די נויטיגע איבונג.

די איבונג פון'ם מארך ענטוויקעלט אין אונז א שארפע בעאבאכטונגס־קראפט.

שטודירענדיג רעטענישען ערווערבט מען אן איי־גענשאפט צו בעטראכטען זאכען פון א ברייטען, פיעל זייטיגען שטאנדפונקט.

דער רעטעניש לעהרנט אונז צו פיהרען אונזער געשפרעך אין א פערשטעלטען, פיעל־דייטיגען און דיפ־לאמאטישען אופן און עס ערוועקט אין אונז א בעגעהר צו דענקען און צו טרעפען.

רעטענישען בע'הבנ'ען אונז מיט דער קונסט צו ריידען מיט אן אנצוהערעניש, דארט וואו קלאהרע און איינפאכע דבורים זיינען ניט אם פלאטץ, ווי צום ביי־שפיעל, דאס אנזאגען פון א שלעכטע בשורה, אדער ווען מיר פערלאנגען פטור צו ווערען פון איין אונגעווינשטען גאסט, דאן פאדערט זיך צו ריידען פערשטעלט, רעטע־נישמעסיג. די שטאאטסמענער, דיפלאמאטען ריידען אימער אין א צוויי־דייטיגע, רעטזעלהאפטע שפראך.

אויך לעהרנט עס אונז צו מאהלען א געגענשטאנד

אין פערשיעדענע קאלירען, און יעדער קאליר ליפערט אונז א טהייל פון'ם מאטעריאל וואס מיר נויטיגען זיך אום צו טרעפען א רעטעניש.

רעטענישען זיינען מיטלען דורך וועלכע מען קען מעסטען איינעמס שארפזינן: וויפיעל פעהיגקייט ער בעזיצט צו בעגרייפען א זאך און ווי ווייט זיין אויפאסונג־קראפט גרייכט.

רעטענישען זיינען אינטערעסאנט אלס א צייט־פערטרייב. ווען איהר פיהלט איינזאם, איהר זייט אליין, נעהמט א רעטעניש און פערטראכט זיך איבער איהם, לעזט איבער עטליכע מאהל ביז איהר טרעפט און איהר לעזט עס נאך אמאהל צו איבערצייגען זיך, אויב איהר האט ריכטיג געטראפען און אויב עס שטימען די געגענשטענדע פון רעטעניש מיט אייער ענטפער; אזוי ארום לויפט די צייט און אייער איינזאמקייט אוועק, ווי איהר וואלט ניט געווען אליין, ווי איהר וואלט פערבראכט מיט איינעם אין א געשפרעך, וואו יענער פרעגט און איהר ענטפערט.

ניט וועניגער אינטערעסאנט קאנען זיין די רעטענישען אלס א געזעלשאפטליכע שפיעל: פריינד קלייבען זיך צוזאמען, איינער לייענט פאר א רעטעניש. יעדער איינער פרובירט טרעפען און שרייבט אויף זיין ענטפער און זיין נאמען אויף א שטיקעל פאפיער, דאן ווערען אלע צעטלען איבערגעלעזען, די נעמען פון דיא טרעפער אויסגערופען און ווערען בעלאהנט מיט א פרייז פון א עהרען געריכט פון דער זעלבער געזעלשאפט און די וואס טרעפען ניט זאלען גע'משפט ווערען פון'ם זעל־

בען גערי‌כט: זייער שטראף זאל בעשטעהן פון: קרעהען ווי א האן, בילען ווי א הונד און שטעהן א געוויסע צייט אויף איין פוס א· ז· וו. א. ז· וו.

יעצט קומען מיר צו דער הויפט זאך: גאר א גרויסען ווערטה האט דיעזער ווערק פון פאעטישען שטאנדפונקט. דער פערפאסער האט געשריבען יעדע רעטעניש אין א רייך פאעטישע פארמע און דאדורך וואס דער לעזער וועט זיין געצוואונגען איבערצולייענען יעדען רעטעניש מעהרערע מאהל, וועט ער דערוייל בע'הבנ'ט ווערען אין דער קונסט פון פאעזיע, ער וועט ניט נאר לעזען, נאר לעהרנען פאעזיע. דיעזער ביכעלע וועט איהם דורכפיהרען דורך די עפישע, לירישע און הדראמא־טישע פארמען פון דער פאעזיע און ער וועט אויך בע־קאנט ווערען מיט די פערשיעדענע ריטהומס; די הויפ־טאניגע און די טאנלאזע זילבען, די פערזען וואס בע־שטעהען פון צוויי־זילביגע פארמען מיט דעם דרוק, אדער אקציענט אויף דער ערשטער זילבע, בעוואוסט אין דער פאעזיע אלס „טראכייאוס" ווי צום ביישפיעל:

צווילינג שוועסטער זיינען מיר,
נייען, שטריקען קענען מיר.
(רעטעניש נומער 3)

„יאמבוס" צוויי זילבען פארמען, מיט דעם אקציענט אויף דער צווייטער זילבע, ווי:

איך האב געלעבט, צי שלעכט צי גוט?
דאס האב איך שוין פערגעסען.
(רעטעניש נומער 32)

„ראקטיל" דריי זילבען פארמען. מיט דעם אקציענט אויף דער ערשטער זילבע, ווי:

קענסטו דאס צארטע,
דאס הערליכע בילד?
(רעטעניש נומער 4).

„אמפיבראכיוס" דריי זילבען פארמען, מיט דעם אק־ציענט אויף דער צווייטער זילבע, ווי:

קיין בעמיקער בין איך,
דאך שטאפען איך מיש.
(רעטעניש נומער 29)

„אנאפעסט" דריי זילבען פארמען, מיט דעם אקציענט אויף דער דריטער זילבע, ווי:

כ'שוועב ארום,
אומעדום
לאז נאך זיך קיין שפרינקעלע
(רעטעניש נומער 41)

ווי געזאגט, איז דיעזער בוך פון גרויס נוטצען פאר יעדען איינעם וואס וועט זיך געבען די מיה צו טרע־פען די רעטענישען אהנע צו זוכען זייער אנטווארט אין דעם שליסעל (אינדעקס). א קליין ביסעל נאכדענקען, עטוואס אנשטרענגונג און עטליכע מאהל געדולדיג ווי־דערהאלען איבערצולעזען יעדער חידה, וועט דעם לעזער געווים קלאהר מאכען זייער בעדייטונג, עס וועט פיללייכט פאלען שווער ביים אנפאנג, אבער וואס מעהר איבונג דער לעזער וועט האבען, וועט עס איהם אלץ לייכטער אנקומען זיי צו טרעפען, ווייל זיין בעאבאכטונגס קראפט וועט ווערען מעהר און מעהר ענטוויקעלט.

דער אינדעקס אליין איז אויך געמאכט אין דער פארמע פון א רעטעניש.

יעדער אינדעקס, ווי געוועהנליך, געהט סיסטע־מאטיש, נאך נומערען כסדר, ווי: 1, 2, 3 א. ז. וו. דאס וואלט אבער געשטעהרט דעם הויפט צוועק, די נוט־צען וואס דיעזער בוך דארף ברענגען, ווייל, מיט דעם ערשטען בליק אויף דעם ענטפער פון איין רעטעניש וועט די אויג שוין ארומכאפען עטליכע ענטפערס, און ער וועט וויסען די דייטונגען פון די נעכסטע רעטענישען נאך איידער ער וועט זיי גאר לעזען. דארום האט דער מחבר, נאך פיעל טראכטען, אויסגעפונען אן אריגינאלען מיטעל, א געלונגענע ערפינדונג, מען זאל קענען זעהן דעם געווינשטען ענטפער פון א רעטעניש און די אנדערע ענטפערס זאלען זיך דאך ניט ווארפען פאר די אויגען.

דער אינדעקס איז אראנזשירט אויף דעם פאל־גענדען אופן:

אויף דעם לעצטען זייט פון בוך געפינט זיך דער אינדעקס. אויבען זעהט איהר אן אלף בית, איבערן אלף בית ציפערן וואס לויפען נאך דעם ארדנונג פון אלף בית, אונטען ווידער געפינט איהר ליינג אויס כסדר: רעטע־ניש נומ. 1, נומ. 2, 3, 4 א. ז. וו. אין דער ברייט פון יעדען רעטעניש געפינט איהר ציפערן, נעהמט א שטיקעל פאפיר מיט א בלייפעדער און שרייבט אויף די בוכשטא־בען נאך די ציפערן נאך פון דעם רעטעניש, וועלכען איהר ווילט אויסגעפינען און איהר וועט צוזאמענשטע־לען א ווארט און דאס ווארט וועט זיין דער ריכטיגער ענטפער פן אייער געווינשטען רעטעניש.

**Cosmopolitan Translation Bureau**
27 West 61st Street
Chief Prof. A. Frabasilis D. Ph.,
Director

New York, March 19, 1915.

Mr. Solomon Small,
Brooklyn, N. Y.
Dear Sir:-

I read your riddles with the greatest pleasure and found them very interesting both for choice of the subjects as for the poetical form you gave them.

I, am myself, a veteran lover of enigmatics and from an educational standpoint, I see in riddles and puzzles a kind of mental gymnastic which is very apt to sharpen the brain and have the mind so reason along straight lines.

I am, of course, very anxious to see your beautiful poetical riddles published in book form in order that they may be useful to every lover of the noble art of enigma.

With best regards,

Sincerely yours,

A. FRABASILIS.

## Department of Education
**Office of the**
**Principal of Public School No. 144**

Borough of Brooklyn, N. Y.,
October 5, 1917.

Mr. Solomon Small,
1957 Dean St.,
Brooklyn, N. Y.
Dear Sir:-

I have examined a number of the riddles which you propose to publish and find them to possess considerable merit. They seem to be particularly free from the nonsensical jingle that often characterizes rhyme when it is made to order for expression of riddles. Your riddles are thought-provoking and do not too plainly suggest the solution. Your method of arriving at the answers is also ingenious.

I have no doubt that both children and adults will find considerable pleasure and profitable mental activity in working out the problems presented in your little volume.

Yours very truly,
GILES J. SWAN,
Principal.

**The Educational Alliance**
**East Broadway & Jefferson St.**

New York, October 16, 1917.

Mr. Solomon Small,
1957 Dean St.,
Brooklyn, N. Y.

My dear Mr. Small:-

I have read your manuscript of riddles with great interest The content is quite varied; the arrangement is unique. The riddles are written in verse form and delighted me because of their delightful sentiment, intellectual content and imaginative realization which raised them to the level of true poetry.

Sincerely yours,
NATHAN PEYSER,
Executive Director.

## 1

בּרידער פיער און גאנץ פערשיעדען,
יעדער האָט אן אנדער פאך,
און די ארבּייט פון צוזאמען;
בּריינגט דער וועלט א גאנצע זאך.

גאר דער אינגסטער איז א מאהלער,
מאהלט ער בּילדער נאכט און פריה,
און פון בּלומענשפּראך א דיכטער,
דיכטעט ריינע פּאעזי.

און דער צווייטער איז א גערטנער,
א בּעל תכלית און ער זוכט
אלע מיטלען ס'זאלען וואקסען,
ס'זאלען קומען וואס מעהר פרוכט.

און דער דריטער איז א בּייזער,
בּרויזענד ווי א שטורעם ווינד,
ווארפט און שליידערט, גיסט מיט טרעהרען,
איז קאפּריזנע ווי א קינד.

און דער פיערטער, אויך דער לעצטער,
איז שוין אבּגעלעבּט און אלט,
קוקט אייך אָן מיט קאלטע בּליקען . . .
אז אייך ווערט אליין אויך קאלט.

## 2

פון וויעג ווען דו וועסט דיינקען ?
פונקט בין איך דער קאנטראסט,
דאָך וועל איך יעדען שיינקען
א קלייניטשקען פאלאסט.

מיט הערליך שעהנע בלומען,
גלייך: ארעם, מיליאנער,
און ווער עס וועט דאָרט קומען
מיט אלץ בעזארגט איז ער.

ער דארף קיין זאך ניט זוכען,
ניט דרעהען דארף זיין קאפּ,
פון עסען, קליידען, שוכען,
פאלט גלייך די זארג אראפּ.

און יעדער וועט איהם עהרען,
מיט לויב-געזאנג דערצו,
און קיינער וועט איהם שטעהרען
ביי מיר זיין שטילע רוה.

## 3

צווילינג שוועסטער זיינען מיר,
נעהען, שטריקען קענען מיר,
מיר בעקליידען און דערלאנגען
יעדען וואס ער וויל.
טרייע שקלאפען האָבען מיר,
בערג און גריבער גראבען מיר,
און מיר ארבייטען צוזאמען
פאר דער מענשהייט פיעל.
אלע געלדער קלייבען מיר,
בריעף און ביכער שרייבען מיר,
און מיר קענען פיאנאָ שפיעלען,
ווי אויך וואשען גרעט.
קינסטלער גוטע לויבען מיר,
ווער ס'איז ווערטה דערהויבען מיר,
און מיר רייבען אָן א מאָרדע
דעם וואָס האָט א חטא.
שלעכטע קינדער שלאגען מיר,
שעהנע ציערונג טראָגען מיר,
און מיר טהיילען אוים אויך צדקה
יעדען גרוים און קליין.
פריעד מיט שונאים שליסען מיר,
גוטע פריינד בעגריסען מיר,
אונזער שפראך זאגאר אויך שטומע
קענען גוט פערשטעהן . . .

## 4

קענסטו דאָס צארטע
דאס הערליכע בילד?
וואס בייט אָפט איהר פאָרמע:
דאָ ווילד און דאָ מילד.

וואס ברענט ניט דאָך לייכט עס
מיט הערליכען שיין,
איז קליין און די גאנצע וועלט
נעהמט עס אריין.

דו זעהסט דאָרט דעם הימעל,
א מילב און א ריעז,
דאָס קען זיך אויך שטעכען
אזוי ווי א שפיז.

עס האָט פאר בריליאנטען
א גרעסערן ווערטה,
און פערלאך פאלען
פון דאָרט אונגעשטעהרט.

ווער גרינדליך און ריכטיג
דאָס בילד נאך ניט קען?
האָט ליידער נאך יענער
די וועלט ניט געזעהן . . .

## 5

זי האָט א פיינע כלי,
אין גרונד איז זי א וואוילע,
מיט גאָר א הויכע זעעלע,
אוז לאָזט זיך טהאָן א שפיעל.

זי מאכט צו יעדען חן'דלאך,
שטעלט אוים די ווייסע צייהנדלאך,
נאָר נעבאך איהרע ביינדלאך;
שלאָגט יעדער ווער עס וויל.



6

פון פערל געבויט ווערט
אין איין אויגענבליק,
אריבער ד'עם ים
איין ערהאבענער בריק.

ער קומט און פערשווינדט
ווי א חלום, ווי רויך,
קיין שיף און קיין מאסט
קען ניט גרייכען זיין הויך.

דער בריק טראָגט קיין משא,
ניט לייכט, אדער שווער,
מיט זיעבען קאָליערען
געפאַרבען איז ער,

קיין ראָד און קיין פערד
נאך בעריהרט האָט איהם ניט,
און אויך ניט קיין איינציג'ער
מענשליכער טריט.

דער בריק איז א צייכען,
פון גאָט זעלבסט געשטעלט;
אז ער וועט שוין מעהר ניט
פערניכטען די וועלט.

7

איך בין געווען פאר דיר
א קליינע, שעהנע וועלטעל,
דו האָסט אין מיר געהאט
דיין רוהיגע געצעלטעל.

איך האָב מיט גרוים געדולד
פון דיר אליץ-דינג פערטראגען,
אין מיר איז אָנגעזאַפּט
דיין וויינען און דיין קלאגען.

דו האָסט אויך איינגעקריצט
אין מיר דיין ערשטען שמייכעל,
האָסט זאכען אבגעטהאָן;
וואָס טהוט קיין מענש מיט שכל.

א ליעדעלע ביי מיר
פאר דיר האָט מען געזונגען,
נאָר יעצט ביסטו שוין גרוים
וייט, ווייט אוועק געשפרונגען.

יעצט פאַסט דיר שוין ניט מעהר
דאָס ליעד און דאָס געצעלטעל.
דערמאָנסטו כאָטש אמאָהל
דיין קליינע, שעהנע וועלטעל ?

8

אין דר'ערד איז מיר ליכטיג,
אין כריין איז מיר זים,
פון יעדען געטראָטען
ווער איך מיט די פים.

פון קייט און פון בלאָטע
קום איך ארוים ווייס,
איך האָב ליעב צו געבען
פון אלעם א ביים.

איך עם וואָם עם מאכט זיך,
איך לייד ניט קיין נויט,
דער מענש גיט מיר נאַהרונג
זאגאר נאָך זיין טויט. . .



9

מיין וויג איז אין פראנקרייך געשטאנען,
צו מיר איז קיין גלייכען פארהאנען,
וואָס זאָל פּאָפּולער זיין אזוי,

בין איינער פון די קאמאנדירען,
וואָס האַלט נור די וועלט אין מושטירען,
און אין דיסציפּלין מאן און פרוי

מעג נאריש זיין מיינע פערלאנגען,
מעג לעכערליך זיין מיינע גאנגען,
משוגע פון פוס ביז'ן קאָפּ,

ערפיהלט מען עס גאר אָהן א תרוץ,
מיט פּינקטליכקייט, מיט דרך ארץ
כאָטש הארץ-וועה און גאָלד קאָסט עס אפּ.

נאָר איך זאג פון וואס מען זאל ריידען,
ווען נאקעט געהן, ווען זיך צו קליידען,
ווען טאנצען, ווען שפּיעלען א קאָרט,

אפילו אין באָרד און אין פּאות,
בין איך אויך וואס קען זאגען דעות
און ס'ווערט אנגענומען מיין וואָרט.

## 10

איך קום פון דער נשמה
מיט הימעלשע מתנות,
ברייננ מענשען טרייסט, נחמה,
און רוף ארוים רחמנות.

איהר טרעפט מיין צאָהל אין פולען
ביי פאלשע און ביי טרייע,
איהר טרעפט מיך אין די שוהלען,
און אויך ביי א לויה.

די אונשולד צו בעציערען
קום איך מיט ריינע קוואלען,
און שטיינער קאָן איך ריהרען
פיעל מעהר ווי וואסער-פאלען.

דאך מיסברויכט מען מיין ווילען,
מיין הייליגקייט, מיין ריינקייט,
מיט פיעל געמיינע ציעלען,
און איך פערליהר מיין שעהנקייט.

## 11

זי דאגה'ט און פרייד זיך,
האָט האָפנונג, בטחון,
זי פיהלט און זי בלוטעט,
און ווערט אָפט צובראָכען.

זי זאגט אָן נביאות,
וואס ווערען מקוים,
זי האמערט דאָס לעבען
ביי מענשען און ברואים.



## 12

איך ליעג אין א בעהאלטעניש,
דאך בין איך פאפולער,
דער מענש איז נאר א קנעכט ביי מיר,
און איך זיין שטריינגער הערר.

א האלבען לעבען גיט ער אפ
צו טהאן וואס איך פערלאנג,
איך האלט דריי-פיער מאהל טעגליך איהם
אין דיסציפלין און צוואנג.

און מעג ער ווי פערנומען זיין
מיט אידעאל און זינן?
קוים שיק איך איהם נאר ערגעץ וואו
וועט ער גלייך געהן אהין.

ער ווייס איך בין ווי א וואולקאן,
שטארק ברויזענד, ברען און קאך,
און ווען איך ווער קאפריזנע נאר?
א! דאן? איז ווערה און אך!

פיעל שאף און רינדער, קארען, ווייץ,
פיעל פרות איך פערצעהר,
פון אלץ נעהם איך דאס בעסט ארויס,
די פסולת איך צושטעהר.

## 13

קיין גאט, זאגאר קיין קעניג,
דאך שטארק איז ער און גרויס,
א הערשער איבער הערשער,
זיין מאכט געהט קיין מאהל אויס.

עס נעהמט פיעל מאהל דער קייזער
פאר איהם די קרוין אראפ,
דער העלד אין דער מלחמה
בויגט איין פיר איהם זיין קאפ.

בעקעמפפען איהם, ניט פאלגען,
איז קיינער ניט אומשטאנד.
פאר קראנקע און פאר מיעדע
איז ער א פעסטע וואנד.

דער טויט איז זיינס א ברודער
דאך ער איז איהם ניט גלייך,
ווייל גוטעס ברייננט זיין קומען
פאר ארעם און פאר רייך.

## 14

עס בענטשט א יעדער זיך מיט מיר,
דער וואונש איז: מיך צו קריגען,
דאך ווייס מען אז מיין קומען ברענגט
גאר ווייניג פערגעניגען.

מען וויל מיך האבען, דאך מען קעמפפט
פון מיר זיך אויסבעהאלטען,
געקינצעלט צאמט מען מיר מיין וועג . .
דאך דורך געהיימע שפאלטען

דרינג איך אריין און פיהר א קאמפף
דעם שטארקסטען אונטעריאכען,
איך פיהר דעם קאמפף אזוי לאנג אן,
ביז ער מוז געהן געבראכען.

איך נעהם די באק-צייהנער פון איהם,
די האר פון קאפ איהם פליקען,
איך האק איהם אונטער זיינע פיס,
און דונקעל זיינע בליקען.

איך בויג זיין שטאלץ, זיין קארק און זעה
אין איהם אלץ צו פערדארבען,
ער קען זיך אויסדרעהען פון מיר;
ווען ער נאר יונג זאל שטארבען.

## 15

ער פיהרט דיך אויף א שיף
וואו ס'איז דער ים-גרונד טיעף.

און ווי א וואָלקען-רויך,
מאכט ער דיר שווִעבּען הויך.

מאכט פאלען דיר א מאהל
פון העכסטען בּארג, אין טאָהל.

צייגט בּילדער דיר פון טויט,
ער בּריינגט דיר ארמוטה נויט.

א מאָהל פערקעהרט, מאכט ער;
דו ווערסט א מיליאנער.

ערדרייכסט דעם העכסטען גליק,
דאָך אין איין אויגענבּליק;

קענסטו אין זיך דערזעהן;
דעם קבצן ווי געוועזן . . .

## 16

ווען איך בין פעסט און גרויס,
דאַן נעהמט מען מיך צום שניידען,
און ווען איך קריך ארויס,
וויל קיינער דאָס ניט ליידען.

איין ארט מיט פראכט איך ציער,
א צווייטען ארט פערשעהם איך,
און בייט אויך מיין קאָליער,
פיעל מענשען-הערצער קלעם איך.

דעם אלטען זעהר קריינקט
ווען איך פערלאָז זיין ערטעל,
דעם מענשענס לעבען היינגט
אויף מיר, איז דאָ א ווערטעל.

## 17

מיין פנים איז שווארץ,
און גרוי איז מיין הארץ,
מען שטויסט מיך, מען רייבט מיך די זייטען,

מען מאכט מיר צו שטויב,
דאָך ווייס איך און גלויב;
אז איך בין געאכטעט ביי לייטען.

מען לאדט מיך צום טיש,
צו פלייש און צו פיש,
די קליינוואַרג זיי גיבען א ציטער,

בין זיי ניט צום מוטה,
א קאָפּ בין איך גוט,
נאָר מעהר בין איך גרויזאם און ביטער.



## 18

זיין בראוו און איידעל, גוט און שטיל,
דיקטירט מיר מיין פערשטאַנד,
איך טהו קיין שלעכטס און ריהר קיין מאל
א פליעג ניט אויף דער וואנט.

דאָך איז מיין בלוט א הפקר זאַך,
א טרונק פאר קינד און גרייז,
מיין הויט איז זייער אויבער-ראָק,
מיין פלייש איז זייער שפּייז.

און מיינע האָר איז זייער העמד,
וואָס וואַרעמט קליין און גרויס,
צום פידעל נעהמען זיי פון מיר
די אינגעווייט ארויס.

און כאָטש די מענשען איך בעשיץ,
פון קעלט, ווי אויך פון היץ,
קריג איך פון זיי א גרויסען דאנק . . .
מען צאָהלט מיר אָפּ מיט שמיץ . . .

## 19

א שריפט פון א זשעני,
אן אורטייל פון א ריכטער,
א גוטע פּאעזי
פון גאר א גרויסען דיכטער.

א טיעפער איבערבליק
פון פעהיגען רעדאקטאָר,
א שרייבער פון קריטיק,
א דראמא, א פיער אקטער.

א שפּאנענדער ראָמאַן,
ס׳ איז בלאָטע איך קען צייגען;
א שריפט פון א גראַביאַן
וואָס קען אלץ איבערשטייגען . . .



## 20

מיין מוטער איז די צייט,
כ'ווער גרוים און שטאַרק געבאָרען,
און לאנגזאם געה איך אוים,
פערשווינד, איך ווער פערלאהרען.

א וועגווייזער בין איך,
מיט ריכטיג קלאהרע פּלענער,
נאָר איך אליין דאַר איין,
טאָג טעגליך ווער איך קלענער.

דער מענש געפינט אין מיר
אלץ-דינג וואס ער דארף וויסען,
אוים דאנקבארקייט ווער איך
געפליקט פון איהם, געריסען.

און ביז מיין לעצטען הויך
טהו איך נאָך מיינע פליכטען,
מיין מוטער זעלבסט, די צייט,
זי זעהט מיך צו פערניכטען.

עס האָט מיין עקזיסטענץ
גאָר גרויסע אינטערעסען,
און ווי איך שטאַרב נאָר אָפּ
אזוי ווער איך פערגעסען.

## 21

בײַ מיר איז אַן אויסוואהל פֿון אלעס,
פון וואס נאר א מויל קען זיך ריידען,
פון פויגעל - מילך, רייכטהום און דלות,
פון פריידען אזוי אויך פון ליידען.

דאס אויסרעכענען אלעס כסדר,
פערנעהמען קען טויזענדע בלעטער,
צום בײַשפּיעל : כ׳האָב העמדער און קליידער,
כ׳האָב מענשען, טייוואָלים און געטער,

כ׳האָב צוקער און פעפער דערינען,
און וועל אייך א סוד זיין מגלה;
לייכט קענט איהר די זאכען געפינען,
אין ארדנונג זיינען זיי אלע.

און וואָס נאָר די וועלט קען פערמאָגען,
געפינען זיך אין מיינע גיטער,
דאָך קען מען די קליידער ניט טראָגען,
דער פעפער בײַ מיר איז ניט ביטער.

דער צוקער ניט זיס, און די מענשען ?
זיי קענען זיך גאָר ניט בעוועגען,
די געטער זיי קענען ניט בענטשען.
וואס בין איך ? דאָס וועל איך אייך פרעגען !

## 22

ס'איז ביטער און שווארץ,
מיין ארעמעס הארץ,
נאָר איידעל און ווייס איז מיין פנים.

איך שפּרייט אוים א דופט,
וואָס פילט אָן די לופט,
איך האָב גוטע פריינד און אויך שונאים.

מען זאגט פון מיר טריפט,
א שעדליכער גיפט,
און נאָך וואס: איך טויג אויפ'ן פייער.

דאָך איך ווייס א סך
וואס זאָרגען און מאך
א ביסעל זיי פרעהליכער, פרייער.



## 23

איך בין דער גאָט פון דר'ערד,
פון אירדישע מתנות,
דער מענש מיט גאָר זיין ווערטה
מוז ברייננגען מיר קרבנות.

און ווען נאָר איך גיב
פון זיך א קליינעם הייפעל,
ביי יענעם איז שוין ליעב
פערקויפען זיך צום טייפעל.

אויף מיר פיעל בייטען אויס
אויך זייער טאטע מאַמע,
דורך מיר קומט אָפט ארויס
די שוידערליכסטע דראמא.

די הייליגקייט פון פריעסט
קויף איך מיט מיינע שעטצע,
איך דינג אויס האלב אומזיסט
דעם ריכטער און די געזעצע.

כ'טהו איינעם נאָר א שמיר
מען האָט פאר איהם דרך ארץ,
אויך זעהר לייכט איז מיר
מטהר זיין אַ שרץ.

## 24

געוועזען מיין נאָמען
איז פערד און בהמה,
וואס איך האָב געליטען
באַפּט פראָסט אָן אן אימה.

מען האָט מיך געשניטען,
געפליקט און געשונדען,
מען האָט מיך געשטאָכען,
מיט שטריק מיך געבונדען.

מען טרעט מיט די פיס צו
מיין ארימע זיילע,
מען שיקט מיך צום טייפעל
ווען איך בין א חולה.

פערשווארצט ווער איך שטענדיג,
און איך מוז נאָך גלאנצען,
איך טויג ניט צום טרויער,
דאָך טויג איך צום טאַנצען.

מען רייסט מיר דעם אויער,
מען האָט מיך אין פּיאטע,
מען האלט אויף דער עלטער
מיר גלייך ווי א שמאַטע.

## 25

איהר קענט מיר זעהן אין אייער הויז,
פון אינוויינינג און דרויסען,
איך קען אויך זיין וויפיעל איהר ווילט,
איהר זאָלט מיר נאָר ניט שטויסען.

איך קריך אמאהל אויף אייער נאָז,
עס ליגט דעריין א זינען,
מיט אייער וויין, מיט אייער טעה
ועט איהר מיר אויך געפינען,

איך העלף ארוים א מאמע פיעל
איהר זויג-קינד צו ערנעהרען,
איך קען אין הימעל צייגען אייך
מיט דייטליכקייט די שטערען.

איך קום פון זאמד ארוים און קען
פיעל שטעלעס אייך פערטרעטען,
איך ווער געהויבען אין דער הויך
אויף שמחות, אויף באנקעטען.

!!!!!!!!!!!!

## 26

א זאך איז דאָ וואס האָט גרויס מאכט,
און יעדער דאָס בעזיצט,
דער מענש האָט דאָס ארייננעבראכט,
אין לעבען איינגעקריצט.

כאָטש דער ערפינדער איז דורך אויס
פון דעם דער מענש אליין,
האָט קראפט די זאך איהם מאכען גרויס,
און פונקט פערקעהרט אויך קליין.

די מילב, דער העלפאנד האָט עס גלייך,
דאָס האָט דער מענש און גאָט
דאָס האָט אויך וואלד און פעלד און טייך
און ים און לאנד און שטאָדט.

און ווען עס וואלט די זאך געפעלט?
קיין ערגערס קען געשעהן:
עס וואלט קיין מילב, קיין מענש, קיין וועלט,
קיין גאט! אויך ניט געווען . . .

?????? ??????

## 27

איך האָב א קאָפּ געזונד און שטאַרק,
נאָר צו מיין גרויסע שאַנדע;
צו וויסען וואס ער דיינקט און טראכט
דאָס בין איך ניט אומשטאַנדע.

בעליידיגען זיך אויף מיין קאָפּ
האָב איך גאר קיינע גרונטען,
נאָר איין זאך מוז איך מודה זיין:
מיין קאָפּ ביי מיר איז אונטען.

און נעהמט מען מיר מיין קאָפּ אראָפּ,
וואָס דאָס קען אָפט מאָל געבען,
קען איך זיין טויט און דאָך מיין קאָפּ
זאל אלץ נאָך בלייבען לעבען.



האָט מען מיר אין א משפחה,
דאָרטען הערשט די מזל ברכה.
האָט מען מיר אין א מדינה,
דאָרטען רוהט פון גאָט די שכינה.

איך קען מאכען מיט מיין קומען;
אז קאַנאָנען זאָלען שטומען,
כ'קען פערוואנדלען גאָר אָהן פלאקער;
דער הארמאַט זאל זיין אן אקער.

און דער שווערד זאָל גראָז נאָר שניידען,
און די מענשהייט זאל ניט ליידען,
איך קען מאכען גרויסע שונאים;
זאלען ווערען מחותנים.



29

קיין לעמיקער בין איך,
דאָך שטאָפען איך מיש,
איך בין אויך קיין דיענסט ניט,
און גרייט אייך א טיש.

בין קיין מכנים אורח,
גאנץ אפען גערעדט,
דאָך אויב איהר ווילט שלאפען:
פערזארג איך א בעט.

איך בין קיין מאהל העפליך,
איהר מעגט זיין ווי רייך,
נאָר קוים ווילט איהר זיצען;
א שטול שטעל איך אייך.

קיין האלץ-ווארם בין איך,
דאָך וועלדער מיט האָלץ
האָב איך שוין צופרעסען . . .
און בין דערויף שטאָלץ

## 30

ביי נאכט האָב איך לעבען,
ביי טאָג שטאַרב איך אָפּ,
מיין לעבען איז מענשליך
פון פוס ביז'ן קאָפּ.

דאָך בין איך קיין מענש ניט,
ס'איז זיכער געוויס,
און אויך ניט קיין חיה
כאטש איך האָב פיער פיס.

קיין רוסישער אדלער,
כאָטש קעפּ האָב איך צוויי,
קיין עוף ניט, כאָטש פעדערן
האָב איך ווי זיי.

איך שטייץ אימער אונטער,
ווער מיעד איז און שוואך,
און סודות פון ליעבע
דאָס ווייס איך א סך.

ווען איהר ווערט געבאָרען
בין איך דאן דערביי,
און ביז אייער ענדע
בלייב איך אייך געטריי.

## 31

ס'איז דאָ אזא מין שלאנג,
וואָס איז פאר אלע שלאנגלען
געפעהרליכער, און איהר
קען קיינער קיין מאל פאנגען.

איהר שטימע שרעקליך איז,
נאָך שרעקליכער איהר צאָרען,
און ווען זי גיט א בּיס
דאן מוז מען געהן פערלאָהרען.

דעם רייטער און זיין פערד
קען זי אויף טויט צו בּייסען,
עס קען א קירכען-דאך
איהר קראפט ארונטעררייסען.

דעם שטאַרקסטען בּוים זי בּרעכט,
בּעפאלט ווי א ניט גוטער,
זי גיט א בּיס און שטאַרבּט;
די ערד איז ניט איהר מוטער.

## 32

איך האָב געלעבט, צי שלעכט צי גוט?
דאָס האָב איך שוין פערגעסען,
איך האָב געהאט אי פליישׁ, אי בּלוט,
געטרונקען און געגעסען.
איך וואלט אויך גליקליך זיין געקענט,
געזיכערט מיט מיין לעבען,
נאָר דער אלמעכטיגער האָט הענד
מיר ליידער ניט געגעבען
געהאט האָב איך די שענסטע האָר,
אויך יעצט נאָך ניט פערדאָרבען,
און אויגען ליכטיגע א פּאָר;
נאָר פריה בין איך געשטאָרבען.
מיין טויט איז ניט געקומען גלאט;
מען האָט א מאָרד בּעגאנגען,
אויך ווייס איך: קיינער וועט כמעט
קיין רעכענונג פערלאנגען.
יעצט בין איך טויט און דאָך בּעגליקט,
עס קען זיין אוים רחמנות:
האָט גאט צוויי הענד מיר צוגעשיקט,
צוויי געטליכע מתנות.
איך האָב יעצט הענד, צוויי ליעבּע הענד,
וואס צאפּלען זיך און לעבען,
וואָס יעדער מאן מיט לוסט ער ברענט
א קוש זיי קענען געבּען.



33

וואס איז צו געפינען
ביים רייכען
אויפ'ן הארצען ?
ביים שלעכטען
אין הארצען ?
ביים טויטען
צו קאפען ?



## 34

איך זעלבסט בעזיץ א פאך
צו פוצען און צו ציִערען,
און קעפּ האָב איך א סך,
מיט מאַרך און מיט געהירען.

איך האָב געזונדע ציינער,
און לעבענם פיעל פערצער איך,
בריינג קינדער צום געוויין,
און נעסטען פיעל צושטער איך.

איך האָב אמאהל בעלאנגט
צו בהמות, היינט צו מענשען,
מיין ארבייט איז בעדאנקט,
וואָס פיעל מיט מיר זיך בענטשען.

דער קייזער נעהמט אראפּ
פאר מיר זיין קרוין אפילו,
און בויגט נאָך איין זיין קאפּ,
גאָר גלייך ווי צו א תפילה.

## 35

כאָטש איך בין איינפאך, פּראָסט,
געפעהל איך דאָך א-יעדען,
פון מיר די גאנצע וועלט
האָט גוטעס נאָר צו רעדען.

איך קום פון פויער שטאַם,
דערגרייך די גרעסטע ראַנגען,
מען שטעלט דאָס לעבען איין;
אום מיך צו קענ'ען פאנגען.

און ווער מיך ערנסט ליעבּט,
דעם בּין איך טריי, ערגעבּען,
לאָז שניידען זיך מיין פלייש
אום אויפהאלטען זיין לעבּען.

אין היירארטה איבּערהויפּט
בּין איך די ערשטע פראגע,
קוים האָט מען מיך פערזעהן?
איז טרויעריג די לאגע.

צום אלעם ערשט קום איך,
נאָך דעם ערשט קומט די ליעבּע,
אן אויפשטאַנד ווען ס'בּרעכט אוים?
בּין איך, נאָר איך די סיבּה.

## 36

פון שטאָל די שארפסטע וואפען
איז מיינע און איך זיעג,
איך מאך די געגנער פאלען;
דאָך פיהר איך ניט קיין קריעג.

איך לייג אוועק דעם שטאַרקסטען,
איך געה אזש ביז׳ן בלוט,
איך קען א מאָרדע רייבען,
דאָך מיר קען פעהלען מוטה.

מיט קאָפּ-ארבייט בעשעפטיגט,
בין איך פון פריה ביז שפעט,
כאָטש האָר האָב איך פון דיכטער,
דאָך בין איך קיין פּאָעט.



## 37

איך בין א קינד פוּן וואלד,
פוּן שאָף האָב איך געדערים,
פוּן פערד שטאַמט אָב מיין מאַן,
דאָך שלעץ איך איהם און עהר איהם.

און מיר אלס מאַן און ווייב
אין הארמאָני זיך האלטען,
נאָר ווען ער ריהרט מיך אָן;
איז קולות און געוואלדען.

דאך זיין בעריהרונג ברייננגט
אונז קינדער, זיסע, ליעבע,
וואס שאפען נחת, פרייד,
פאר אלע הערצער טריבע.

און מיילער האָב איך צוויי,
און טאקי ביידע עסען . . .
איך רייד מיט זיי א שפראך;
וואס קיינער קען פערגעסען.



## 38

כ׳קום און רוף צום לעבען,
גרוים און קליין הערט מיין סיגנאל,
כ׳ברייננ מיט זיך דאָס שטרעבען,
וואס צופליסט זיך ווי א קוואל.
כ׳האָב צו זיך א צווייטע,
אויך ניט פון דעם קליינעם ווערטה,
נאָר א שטיק צודרעהטע;
וואָס איך טהו, טהוט זי פערקעהרט
מיר איז וואָך זיין וויכטיג,
טרייבט זי שלאָפען אָהן א הארץ,
איך וויל מאכען ליכטיג,
זי מאכט פינסטער, חושך, שווארץ.
און אָט די מחליקת,
הערשט ביי אונז שוין פון א צייט,
היינט פון א צדקת ?
איז זי ווייט, יא זעהר ווייט.
האלט ביי זיך פערברעכער,
פראסטיטוטקעס, פראנק און פריי,
געמבלערס, מעסער שטעכער,
און גנבים דיענט זי טריי.
האָט אויך גוטע זייטען,
נאָר פאר מיר איז זי א פלעק,
כ׳בין מיט איהר פון ווייטען,
קומט זי צו, געה איך אוועק.

## 39

ווי קליין און דאר
איך זאָל ניט זיין
דאָך געהט אין מיר
געראם אריין;

א מענש, א לאנד,
א שטאָדט, א הויז,
און שטעל אייך פאָר
פאר קליין און גרויס.



## 40

א קינד פון וואלד בין איך געוועזן,
געוואקסען ווילד, פערשייט,
נאָר צו פערדאנקען גוטע הענד
בין איך ארויס א לייט.
מיך אבגעשניטען פון מיין שטאַם,
צו בילדען מיך געבראכט,
און ווי דורך וואונדער אלעס איז
געווארען דורך איין נאכט.
איך זעה שוין יעצט גאנץ אנדערש אויס,
ניטאָ די גראָבקייט מעהר,
איך בין די איידעלקייט אליין,
דערקענען איז מיר שווער.
איך בין א ליעבלינג איבעראל,
מען קוקט מיר אין געזיכט,
אויף יעדען מיינונג וואס איך זאג;
געלייגט ווערט פיעל געוויכט
און כאָטש איך לעב מיר בלויז איין טאָג,
דאָך בין איך ניט קיין מת:
ווייל מאָרגען שטעה איך ווידער אויף
מיט נייעם אינטערעס.
און יעדער וויל מיר, גארט מיר זעהן,
פון דאנען און פון דאָרט,
פון אלעם וואס נור עס פאסירט;
צו הערען מיינם א ווארט . . .



## 41

כ'שוועב אַרום,
אומעדום,
לאָז נאָך זיך קיין שפּרינקעלע,

איך אַליין,
בלייב דאָן שטעהן,
ערגעץ אין אַ ווינקעלע.



42

כאָטש איך מיט'ן שווערד,
בין גאר ווי א קרוב,
פהו איך קיינעם ווערה,
דאָס בין איך אייך ערוב.

כאָטש איך שנייד און שטעך,
מיט פעלד-מאכט פערבונדען,
פערגים איך קיין בלוט,
און מאך ניט קיין וואונדען.

כאָטש רייכטהום איך ברייננ,
בע'גנב'ע איך קיינעם,
בין גראָב דאך איך האָב
א נאָמען א שעהנעם.

כאָטש איך גיב אייך נאָר
א לעבען א פראָסטען,
איז גליקליך דאָס פאָלק
וואָס לאָזט מיך ניט ראָסטען.

## 43

איך בין א מיטגליעד פון א פאלק,
וואָס האלט אין געהן כסדר,
און ווילט איהר וויסען פון א טאָלק:
קומט איהר צו מיר אין חדר.

אז אונזערע ברידער ברייננען נוץ,
דאָס האָט מען לאנג דערגאנגען,
און דאָך האָט מען פאר אונזער גוטס;
די גרעסטע אויפגעהאנגען.

און ווען מיר קריגען שוין אין קארק,
בעפאלען אונז ווי ווערים
די קליינוואַרג וועלכע ליעבען שטאַרק,
אונז נעהמען די געדערים.

ס'איז וואר מיר האָבען שוין א שם;
פאר פאלשע, פאר פארפיהרער,
נאָר שולדיג זיינען גאָר אין דעם
די מאכערם, די רעגיערער.

ווער מיך בעזיצט, דעם טריי איך דיען,
איך גיב מיין צייט, קיין פראגע:
נאָר מיינט ניט אז א איד איך בין
כאָטש גלייך איז אונזער לאגע . . .

44

איהר בלעטערט מיינע בלעטער,
און גלייך פאר אייך ערשיינט;
א מומע אייך, א פעטער,
א חבר און א פריינד.

פון צפון, צי פון דרום,
פון נאָהענט, צי פון ווייט,
משפחות וואס אין קברים
שוין רוהען פון א צייט.

איהר מישט א בלעטעל איבער,
און אייער בליק איהר שטעלט;
אויף דאָס וואס אייך איז ליעבער
פאר אלעס אין דער וועלט.

איהר זעהט דאָרט טאַטען, מאמען,
און שוועסטער, ברידער גלייך,
אזוי ברייננ איך צוזאמען
א גאנצע וועלט פאר אייך.

## 45

עס ווערט אָהן מיר קיין זאך געמאכט,
איך הערש אין יעדען ארט,
איך שליכטע פריעדען, שיק אין שלאכט,
איך האָב דאָס לעצטע וואָרט.

דעם קייזער׳ס צוזאג האָט קיין ווערטה,
ווען איך בין ניט דערביי,
די גרעסטע זאכען ווערט צושטערט
זיען מיר מען איז ניט טריי.

קיין קבר גראָבט מען ניט אָהן מיר,
מען גיט קיין געלד ארויס,
עס האָט קיין ווערטה א ווערטה-פאפיער
אויב מיר נאָר לאָזט מען אויס.

מיך פעלשען איז א קרימינאל,
די מענשהייט ווערט פערלעצט,
א גרויסע שטראָף איז איבעראל
פאר יענעם אויסגעזעצט.

ניט קענען מיך איז גרויס די שאַנד,
מען דארף א ווילדער זיין:
און קומט אזעלכער דאָ אין לאנד;
דעם לאָזט מען ניט אריין.

## 46

איך בין א קנעכט, עס איז קיין שאַנד,
איך דיען באמת טריי מיין הערר'ען,
איך געה מיט איהם גאר האנד אין האַנד,
און ער פערטראָגט זיך מיט מיר גערען.

איך בין א קנעכט, דאך אייזען שטאָל
בין איך דאפיר מיין ווירט צו שטיצען,
און ווען ער דארף מיך, יעדעס מאָל,
בין איך בערייט איהם צו בעשיטצען.

איך בין א קנעכט, דאך פיין איך קען
אין זייד געקליידט געהן, נאָר צום קוקען,
און ווען מיין ווירט האָט מיך פערזעהן:
האָט ער ניט אָבגעשניטען טרוקען.

איך בין א קנעכט, דאָך ווער מיך האָט,
דער דארף דעם הימעל אויך ניט גלויבען,
בין גוט אין פעלד, און נוטץ אין שטאָדט,
און בין ביים ווירט גאנץ הויך געהויבען.



## 47

בין נוצבאר יעדען, גרוים און קליין,
איך קריך אין אלע לעכער,
מען גיט מיך אויך אלס א געשאַנק,
אלס פּרייז פאר שטייגען העכער.

מען מוז צוערשט בעריהרען מיך
אום צוקומען צום הארצען,
איך קען זיך קליידען זעהר גוט,
אין ווייסען ווי אין שווארצען.

איך האָב א העמד, א הויז, א ראָק,
דאָך דארף איך זיי פערשליסען,
ניט איין מאל ליידער קומט מיר אוים
צו ווערען אויסגעריסען.

מיט יעדען בין איך ווי געקניפּט,
גאר גאנצע מחותנים,
און ווער עס פּאסט ניט אויף אויף מיר;
דעם לאכט מען אָן אין פּנים . . .

איך בין מיט אלעמען אין בונד,
מיט פּראָסטע, ווי מיט לאָרדען,
מען קען דערקענען אויך אין מיר
א ברודער פון אן אָרדען.

48

א גוטע זאך געגעבען,
האט זי דיר נאר איין מאל,
דערפאר מאכט זי דיין לעבען
דיר ביטער אהן א צאָהל.

זי גיט דיר שטענדיג עצות,
ווי דו זאלסט שטעהן און געהן,
און הינטער דיינע פלייצעס
בערעדט זי דיר געמיין.

ווען דו דערהערסט איהר קומען
פאלט אָן אויף דיר א שרעק,
ניט צו גרויס איז קיין סומען;
אז זי זאל נאָר אוועק.

גיט ארגומענטען שטענדיג,
פאר איהר ניט וויין, ניט לאך,
זי איז ווי דער אפענדיק,
אן איבעריגע זאך.

זי ברייננט דיר שטונדען טריבע
פערגיפטעט דיר דיין זעעל,
דאָך זי האָט אין דיין ליעבע
כמעט דעם גרעסטען טהייל . . .

## 49

איז מיינער קיין געליעבטער,
קיין פריינד, קיין חבר ניט,
דאָך קלאפּט מיין הארץ מיר פעסטער
ווען איך דערהער זיין טריט.

איך לויף איהם גלייך אנטגעגען,
מיט האָפנונגען א סך,
מיר בייטען זיך מיט בליקען,
ער גיט מיר שטום א זאך;

וואס דאָס קען אָפט פערשאפען
גאר אונבעגרענצטע פרייד,
די זעלבע זאך קען ברייגגען
אויך אָפט מאל שמערץ און לייד.

א מאל געהט ער פערביי מיר,
און מיידעט אוים מיין בליק,
איך זעה עס קריגט א צווייטע
פון איהם דעם זעלבען גליק.

דאך ווי מיר זאל פערדריסען,
צו איהם קיין האס איך שפיר,
ער וועט דאָך זיכער קומען
א צווייטען טאָג צו מיר.

!!!!!!!!!!!!

## 50

כאָטש איך בין זעהר קליין,
דאָך שלים איך איין צוזאמען;
צוויי הערצער פייער גלוטה
פון יונגע ליעבּעס פלאמען.

מען גיט מיר אלס געשאַנק
אין געגענוואַרט פון עדות,
איך קום און מאַך אַן ענד
פון געהיימע ליעבּע סודות.

מיט מיר איז די מאָראל,
און קיין זאך וועט מען שטערען,
די זעלבּע זאך אָהן מיר
קען דאָס געזעץ פערווערען.

מיט מיר געהט מיט רעספּעקט,
בּין איבּעראל ווילקאָמען,
איך גיבּ די קינדער שוץ
און אויך א שעהנעם נאָמען.

מיט מיר די מענשהייט שטייגט,
אהן מיר דיזעלבּע פאלען,
איך בּין דער מיטעלפּונקט
פון גרויסע אידעאלען.



## דער שליעסעל (אינדעקס)

| 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 | 11 | 12 | 13 | 14 | 15 | 16 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | בּ | ג | ד | ה | ו | ז | ח | ט | י | כ | ך | ל | מ | ם | נ |

| 17 | 18 | 19 | 20 | 21 | 22 | 23 | 24 | 25 | 26 | 27 | 28 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ן | ס | ע | פּ | ף | צ | ץ | ק | ר | ש | ת | — |

נעהמט א שטיקעל פּאפּיער און א בּלייפעדער און צייכענט אויף די בּוכשטאַבּען פון דעם גענומע-רירטען אלף בית, נאך די נומערן פון דעם רעטעניש וועלכען איהר ווילט אויסגעפינען.

רעטעניש נומ. 1 — דעם 20טען, 10, 19, 25, 28, 10, 1, 5, 25, 19, 18, 28, 22, 10, 10, 9, 19 און דעם 17טען בּוכשטאַבּ.

רעטעניש נומ. 2 — דעם 24, 2, און 25.

רעטעניש נומ. 3 — 5, 19, 16, 4.

רעטעניש נומ. 4 — 4, 10, 28, 1, 6, 10, 3.

רעטעניש נומ. 5 — 20, 10, 1, 16, 1.

רעטעניש נומ. 6 — 25, 19, 3, 19, 16, 2, 1, 3, 19, 17.

רעטעניש נומ. 7 — 6, 6, 10, 3, 19, 13, 19.

רעטעניש נומ. 8 — 6, 6, 1, 25, 15.

רעטעניש נומ. 9 — 14, 1, 4, 19.

רעטעניש נומ. 10 — 9, 25, 19, 5, 25, 19, 17.

רעטעניש נומ. 11 — 1, 28, 5, 1, 25, 23.

רעטעניש נומ. 12 — 4, 19, 25, 28, 14, 1, 3, 19, 17.

רעטעניש נומ. 13 — 4, 19, 25, 28, 26, 13, 1, 21.

רעטעניש נומ. 14 — 4, 10, 28, 19, 13, 9, 19, 25.

| 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 | 11 | 12 | 13 | 14 | 15 | 16 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | ב | ג | ד | ה | ו | ז | ח | ט | י | כ | ך | ל | מ | ם | נ |

| 17 | 18 | 19 | 20 | 21 | 22 | 23 | 24 | 25 | 26 | 27 | 28 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ן | ס | ע | פ | ף | צ | ץ | ק | ר | ש | ת | — |

רעטעניש נומ. 15 — 1, 28, 8, 13, 6, 15.

רעטעניש נומ. 16 — 5, 1, 25.

רעטעניש נומ. 17 — 20, 20, 19, 20, 19, 52.

רעטעניש נומ. 18 — 1, 28, 26, 19, 20, 19, 13, 19.

רעטעניש נומ. 19 — 1, 28, 9, 26, 19, 24.

רעטעניש נומ. 20 — 13, 6, 8.

רעט. נומ. 21 — 6, 6, 19, 25, 9, 19, 25, 28, 2, 6, 12.

רעטעניש נומ. 22 — 18, 10, 3, 1, 25, 19, 9.

רעטעניש נומ. 23 — 3, 19, 13, 4.

רעטעניש נומ. 24 — 1, 28, 26, 6, 12.

רעטעניש נומ. 25 — 3, 13, 1, 7.

רעטעניש נומ. 26 — 1, 28, 16, 1, 14, 19, 17.

רעטעניש נומ. 27 — 1, 28, 5, 10, 9, 19, 13.

רעטעניש נומ. 28 — 26, 13, 6, 15.

רעטעניש נומ. 29 — 18, 9, 1, 13, 10, 1, 25.

רעטעניש נומ. 30 — 1, 28, 2, 19, 9.

רעטעניש נומ. 31 — 1, 28, 2, 13, 10, 23.

רעטעניש נומ. 32 — 1, 28, 14, 1, 21.

רעטעניש נומ. 33 — 1, 28, 26, 9, 10, 10, 17.

רעטעניש נומ. 34 — 1, 28, 24, 19, 14, 19, 13.

רעטעניש נומ. 35 — 2, 25, 6, 10, 9.

רעטעניש נומ. 36 — 1, 28, 2, 1, 25, 2, 19, 25.

| 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 | 11 | 12 | 13 | 14 | 15 | 16 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | ב | ג | ד | ה | ו | ז | ח | ט | י | כ | ך | ל | מ | ם | נ |

| 17 | 18 | 19 | 20 | 21 | 22 | 23 | 24 | 25 | 26 | 27 | 28 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ן | ס | ע | פ | ף | צ | ץ | ק | ר | ש | ת | — |

רעטעניש נומ. 37 — 1, 28, 20, 10, 4, 19, 13.

רעט. נומ. 38 — 9, 1, 3, 28, 1, 6, 17, 28, 16, 1, 11, 9.

רעט. 39—1, 28, 6, 6, 10, 7, 10, 9, 28, 24, 1, 25 9.

רעטעניש נומ. 40 — 1, 28, 22, 10, 10, 9, 6, 16, 3.

רעטעניש נומ. 41 — 1, 28, 2, 19, 7, 10, 15.

רעטעניש נומ. 42 — 1, 17, 28, 1, 24, 19, 25.

רעטעניש נומ. 43 — 1, 28, 7, 10, 10, 3, 19, 25.

רעטעניש נומ. 44 — 1, 13, 2, 6, 15.

רעט. נומ. 45 — 1, 6, 16, 9, 19, 25, 26, 25, 10,20, 9.

רעטעניש נומ. 46 — 1, 28, 26, 10, 25, 10, 15.

רעטעניש נומ. 47 — 1, 28, 24, 16, 19, 20, 19, 13.

רעטעניש נומ. 48 — 1, 28, 26, 6, 6, 10, 3, 19, 25.

רעט. 49—2, 25, 10, 20, 19, 16, 9, 25, 19, 3, 19, 25.

רעט. 50 — 24, 4, 6, 26, 10, 17, 28, 25, 10, 16, 3.



# ORIGINAL RIDDLES

— BY —
SOLOMON SMALL
(SMULEWITZ)

## A WORTHY BOOK FOR ALL CLASSES



PUBLISHED BY
SOLOMON SMALL
1957 Dean St. Brooklyn, N. Y.